יעקב גלאַטשטיין

# יאָסל לאָקש פֿון כעלעם



מוזיק - הענעך קאָן

בילדער - יצחק ליכטענשטיין

מחמדים





YOSL LOKSH FUN CHELEM

By YANKEV GLATSTEIN

Music by HENOCH KON

Drawings by ISAAC LICHTENSTEIN


104 Lexington Avenue
New York 16, N. Y.

*Manufactured in U.S.A.*





ווער קאָן פאַרטראָגן אַ יונגן יתומס געוויין?
אָדער די טרערן פון אַן אָרעמער אלמנה?
דעם עלנט, ווי אַ שטיין, פון אַן עקרה,
אָדער די פאַרשעמטקייט פון אַ מיאוסער עגונה?
אָבער ערגער פון אַלץ איז ד׳ער שטומער צער
פון אַ געשלאָגן פערד.
די בייטש כוואָשטשעט איבער דער ליבער פעל.
דער שווערער קאָפ בויגט זיך נידריקער,
אָן פאָרוואורף, אָן אַנטקעגנשטעל,
אָן ווידערשטאַנד.
פאַרן כסא הכבוד זאָל אַזאַ ווייטיק
קומען זיך אויסטענהן —
רבונו דעלמא, פאַרוואָס?

יאָסל לאָקש קאָן דאָס נישט פאַרטראָגן,
ער וואָלט זיך גערן איינגעשפאַנט אין וואָגן
און געלאָפן וויאָ, וויאָ, יאָרן און יאָרן
און געכאַפּט די שמיץ, ווי קוויקנדיקע מלקות,
ווי בריענדיקע בעזעמלעך,
ווי אַן אָפּקומעניש.



די סוכאָטנע פעלדער קוקן אויס אַביסל גרינער
נאָך דעם וואַש פון רעגן.
אַ פאַרזשאַווערט אַקעראײַזן זינגט אים אַנטקעגן.
ס׳באַגריסן אים מיט געוואַשענע קעפּ
פּערזשיכעס, מאַרעלן, אַגרעס, ווײַנפּערלעך,
און אָט איז אַן אויסגעפּוצטער קערשנבוים,
וואָס קוקט אַריבער דעם פּלויט פון אַ סאָד.
דאָס איז אַלץ גאָטס גענאָד.
דאָס און נאָך אַ סך פאַר דעם מענטשנס הנאה.
פונדעסטוועגן, יאָסל, לאָז זיך נישט פאַרפירן.
ווי שיין דער דאָזיקער בוים,
ווי שיין דער אַקעראײַזן.
דער מאַטער בלאַסק פון שטאָל, דער וויג און בויג פון בוים.
שיינקייט איז בלויז פאַרן אויג — זאָל ער אַ נס באַווײַזן,
זאָל ער געבן יושר, אויסגלײַך.
איין מאָס פאַר אָרעם און פאַר רײַך.
איין מעסטל גערעכטיקייט
פאַרן תקיף און געמיינעם מאַן.

אַי, ווען ער וואָלט כאָטש פאַרמאָגט גרויס זכות-אבות,
וואָלט ער אויסגעגלייכט דעם רוקן
און אַזוי אויף קאַטאָוועס
גענומען זיך דורכווערטלען מיט כביכול.
אָבער דאָס האָט געקאָנט נעמען אויף זיך
בלויז איין רבֿ לוי יצחק.
ער האָט געהאַט אַ כוח.
ער האָט געקאָנט זיין מיט אים קנעפּל-שבֿקנעפּל און פּאַניבראַט.
ער האָט אים געקאָנט פרעגן גרונטאָוונע זאַכן,
פאַרוואָס איז איינער הונגעריק, דער צווייטער זאַט,
וועגן אַכצן און דרייצן האָט ער געקאָנט קומען פאָדערן חשבון.
פאַרוואָס זאָל איינער לעבן אין שוואוילטאָג
און שאַרן גאָלד מיט ביידע הענט.
דער צווייטער זאָל דאַרן פאַר אַ לעפל געקעכץ.
ער האָט פאַרמאָגט דעם שטאַרקן זאָג.
ער האָט געהאַט דעם ברייטן שטעל,
איך, רבֿ לוי יצחק באַפעל,
איך זאָג אויף דיין פירעכץ
לא מיט אַ טערקישער קאַפּאָטע.



אָבער איך יאָסל לאָקש?
וואָס פֿאַר אַ קראַפֿט, וואָס פֿאַר אַ האַפֿט האָט בלאָטע-שבבלאָטע?
איך אַ ייִנגאַטש, אַ סמאַרק, זאָל זיך דערוועגן
און קריגן גלייך אַ באַגראַב.
בויג נידוייקער דעם קאַרק, שייגעץ.
קאָנסט נישט פֿאַרטראָגן ביי גאָט קיין עוולות?
דו גרויסער מיניסטער-קאָפּ,
קאָנסט אפשר בעסער פֿירן אַ וועלט,
מיט אַזויפֿיל וועלערס, מיט אַזויפֿיל ווילערס,
מיט אַזויפֿיל לויבערס מיט אַזויפֿיל בילערס,
מיט אַזויפֿיל מיילער, מיט אַזויפֿיל הענט,
אַלצאיינס געשווינט צי געשענדט —
אָבער די געשרייען זענען נישט צום פֿאַרטראָגן.
דיר איז גוט. האָסט איין ברירה.
שפּאַנסט זיך איין אין וואָגן,
וויאָ אַהין און וויאָ אַהער.
דו קומסט אָפּ דעם חוב צו זיך מיט אַ טרער.
איך בין פּעהל און דו ביסט טרעף.
ביי איך, הייטט עס, דער שטרענגער שופט
און דו — דאָס ווייכע לב.



טוט מיר נישט אָן דעם ספּאָדעק
און רופֿט מיך נישט רבי יאָסל.
מיין פֿרומקייט, מיין גוטסקייט זאָל וואַקסן אויף אַלע מיסטן,
וואָס קרוינט איר מיך? — איך בין נישט ראוי.
ווי קאָן איך זיין אייער פֿירער? — איך בין אַ בלאָנדזשער אַליין.
ווי קום איך פּסקענען שאלות? — איך האָב נישט דעם ענטפֿער.
אַז אין קאָפּ ביי מיר שווישטשען אַצינדערט
כלערליי פֿייגעלעך מיט קלאָץ־קשיות.
ווער איז גערעכט? דער באַלעגאָלע? דאָס פֿערד?
אָדער גאָר די בייטש? וואו ליגט דאָ דער טייטש?
איר כאַפּט דעם רעיון, יידן?
לאָמיר זאָגן איך בין דער דיין,
און זיי קומען זיך פֿאַר מיר לאָדן.
ווער קומט שכר און ווער דאַרף צאָלן שאָדן?
איך זאָג אייך, קהל, איך בין אַ ווילדער נאַר
מיט אַ ציגן בערדל.
אַרום מיר טאַנצן לצים מיט בעזעמער און זינגען אין כאָר:
יאָסל לאָקש איז געוואָרן דער מנהיג הדור.

פלאי־פלאים! טענהט קהל,
הערט אַ קעפּל, געניזוקט זאָל ער נישט ווערן,
ט׳געהערט ר׳ איצע? געהערט ר׳ פּיצע!
געזען די חכמה אויף זיין שטערן,
געהערט די תורה, ווי פון סיני,
געזען, ווי ער פּראַלט ממש אויף דעם היכל,
געכאַפּט די טיפקייט, דעם בליץ פון שכל?
ווער איז גערעכט? דער באַלעגאָלע? דאָס פערד?
אָדער גאָר די בייטש? וואו ליגט דאָ דער טייטש?

טאַנצט אַ לצל אויף אַ בעזעם,
ווייזט דעם לעקער און ווערט נעלם.
געקרוינטער פּירער, געזאַלבטער יאָלד,
קהל זינגט דיר שירה.
אַ וואָרט פון צין ווערט אַ וואָרט פון גאָלד,
יאָסל לאָקש פון כעלעם.



שנים אוחזין, צוויי האַלטן.
ווי נאָר צוויי, גלייך געוואַלטן.
מען קאָן זיך גישט צעטיילן מיט גאָטס ירושה.
איבער אַ פענעץ, איבער אַ רעפטל,
איבער אַ רענדל, איבער אַן אשה,
איבער אַ מסחר, אַ געשעפטל,
איבער כעלעמער געדאַנקען.
שנים אוחזין, צוויי האַלטן,
ווי נאָר צוויי, גלייך געוואַלטן.

אוי זאָגן דערויף די חכמים — גאָלד מיט זילבער —
יחלוקו. אַ טייערער געדאַנק.
די גאַנצע וועלט מיט חכמה אין איין וואָרט.
קליגער פון הלל און צום שכל פון אַ קינד,
און שנעלער פון תורה כולה אויף איין פוס.
געשווינד ווי אַן אינד.
אַ צייכן. אַ בליץ.
יחלוקו.

וואָס איז זיך דאָ צו קריגן?
צוזאַמענקומען זאָל מען זיך אין אַ יאַריד־טאָג.
מיט די בּרעקלעך צרות,
די קרישקעס גליק,
די שיינע ווייבּער, די קנעכט,
אפילו דעם שקאַרמוץ מיט טיפּע געדאַנקען,
די פערד, די מוילאייזלען,
די קאַפּהענער, די געשטאָפּטע וואַכטלען,
די וואוילשמעקעדיקע בּשׂמים, טייערע געטראַנקען,
און יחלוקו.
ווייל לאָמיר לערנען אַבּיסל פּשט.
הונגער. איבּערגעפּרעסנקייט.
בּלוט. מלחמות.
פונוואַנען נעמט זיך קנאה־שׂנאה
צו יענעמס ווייבּ און יענעמס רינד?
ווייל ראובן האָט אַבּיסל און שמעון אַ פולע שיסל,
איז בּכן, זאָגן די תּלמידי חכמים דערויף
איין טייער וואָרט —
יחלוקו! איינגעטיילט זאָל אַלץ ווערן.



קעגן דער וועלט אַ קליין געצעלט,
אָבער פֿאַר זיך איז כעלעם אויך אַ שטאָט,
מיט אַ יויזל, מיט אַ גאָט,
מיט אַ קלויסטער, מיט אַ באַרג,
מיט אַ יידן־גאַס, מיט אַ טארג,
מיט נגידים און געמיינע לייט,
ווייבער צנועות און פֿאַרשייט,
קרומע מויערן, אַלטע טויערן,
איליצעס, געסלעך, הערינג־פֿעסלעך,
ליאַכעס, שמאַטעס, בלינדע פֿענצטער,
יידן מיט וואַטאָווע שפּענצערס,
יידענעס איבער פֿייער־טעפּ,
פּלעצלעך, בייגל, פּרעצלעך, ביבער, האָניקטייגל,
לויזמאַשטש, נאַפּט־געוועלבלעך,
פּויערים אין סערמיגעס, קעלבלעך,
קאַטשקעס, גאָנערס און גלחים,
קונצנמאַכער, העקעריונגען, גנבים,
גוטע יידן, משוגעים, פֿאַרחלומטע קינדער,
מתים, לאַפּיטוטן, נישגוטע —
אָבער פֿרואווט געפֿינט מיר דאָ אַ נאַר.
איר קריגט אַ גילדן גלייך דערפֿאַר,
נישטאָ!

ער איז קלוג און ער איז קליגער,
און יענער איז קליגסטער שבקליגסטער.
גייט כעלעם אין בלוט,
פּעטש פליען ווי די ברעטער.
מען קריגט זיך איבער פילאָסאָפיעס,
איבער געשריפטסן אין די בלעטער,
איבער טיפע געדאַנקען.
ביז מען קומט צו יאָסל לאָקש ער זאָל פּסקענען:
ווער איז קלוג און ווער איז קליגער,
איר זענט דאָך דער אמתער פייערדיקער קאָפּ,
רבי, איר זענט דאָך אַ היגער,
וועלכער צד איז גערעכט?

יאָסל פילט מען שעכט אים אָן אַ מעסער,
יעדער צד סטראַשעט.
זיין ביסל אָרעמקייט איז איינגעשטעלט.
זיין וועלט, זיינע תענוגים, מ'שטיינס געזאָגט,
זיין עולם-הזה, זיין ביסל גריץ, זיין כזית ברויט, —
אַלץ ווערט געהאַלטן אויף דער וואָגשאָל פון זיינע באַלעבאַטים.
יעדער צד קומט צו אים מיט בייזע כוונות.
ליגט אויף יאָסלען ווי אַ הויקער דאָס רבנות.



דער אויבערשטער האָט אַ פֿאָדראַד די וועלט
און ער, להבדיל, כעלעם.
אָבער יאָסל פֿאַלט פֿון די פֿיס.
אַ פֿאַרהויקערטע כאַלופּע, אַ יאַדישליוועשר קוימען,
און אַ ווייב וואָס קהל האָט אים באַשערט,
נישט קיין נקבה נאָר אַ שווערט.
אינגאַנצן ווי אַן אָפּגאָט, די אויגן קיין אויגן נישט
נאָר קוקערס, די בריסטן קיין בריסטן נישט
נאָר פֿאַרדאַרטע פֿייגן.
אַ מויל אָן שווייגן און ווערטער הייסע קוילן.
מען הערט אַזוינס נישט אין גאַנץ קרוין־פּוילן.

יאָסל לאָקש, שפּייזער מיינער,
ס'איז דאָך צו עפּענען מויל און אויערן.
ער גערעכט און דער גערעכט.
איך גערעכט און דו גערעכט.
נישטאָ קיין גוט, נישטאָ קיין שלעכט.
נישטאָ קיין שולד, אַלץ גערעכט.
ציצעליסטן, ציצעניסטן,
אַנאַרכיסטן, אַנטיסעמיסטן,
אַלע טאָטערס, אַלע קריסטן,
נישטאָ קיין יאָ, נישטאָ קיין ניין.
נישטאָ קיין טמא, אַלץ איז ריין.
ער גערעכט און דער גערעכט,
איך גערעכט און דו גערעכט.
נישטאָ קיין גוט, נישטאָ קיין שלעכט.
נישטאָ קיין שולד, אַלץ גערעכט.

יאָסל טוט אָן בגנבה די צעריסענע זשיפּיצע,
כאַפּט אַ פּריש העמד און אַנטלויפט אין מרחץ.
אַרונטערגעוואַשן דעם ברוד און גלייך אויף דער לאַנקע.



דער מערב איז באַזוימט מיט שטיקלעך גאָלד און שטיקלעך פייער.
אַ מאַליער האָט גענומען צייכנען דעסענעס אויפֿן הימל.
ס'איז שטיל אַרום מיט דער שטילקייט פֿון וואונדער.
אַ מחיה, קיינער זעט נישט און קיינער הערט נישט,
נאָר גאָט אַליין האָרכט ווי אַ מאַנסביל האָט זיך צעבעטשעט.
דער כעלעמער רבֿ וויינט. ער העשעט.
דאָס לעבן איז קורץ — אַ טאָג מיט אַ נאַכט.
דו גיסט אַ בלאָז און וועלטן ווערן חרוב.
איך, דער גרעסטער טפּש און פּירער פֿון נאַראָנים,
בין מיד.

איך פאַרשטיי נישט, גאָט, דיין כעלעם.
אָבער כ׳ווייס, ס׳איז אַ רחמנות אויף יעדער גרעזל,
אויף אַ מילב, אויף אַ פערד,
אויף אַ וואַסערטרעגער, אויף אַ למדן,
אויף אַ פּראָסטאַק, אויף אַ דלפון, אויף אַ נגיד.
יעדער איינער ווייסט דעם גאַנצן אַלץ —
נישט חלילה קיין ביסל,
יעדער איינער פאַרמאָגט דעם שליסל צו דיין שייער.
און מען גלוסט און מען וויל,
און מען קעמפט, און מען קריגט,
און מען האַסט און מען ליבט,
און מען שטרעבט און מען לעבט —
אַ טאָג מיט אַ נאַכט.
אַ רחמנות אויף דיין כעלעם.

ער גערעכט און דער גערעכט,
איך גערעכט און דו גערעכט,
נישטאָ קיין גוט, נישטאָ קיין שלעכט,
נישטאָ קיין שולד, אַלץ גערעכט.



